פאמיליען-ביבליאטעק

שלום עליכם

# מתושלח



יוארשא, תרע"ד

N. 39

פרייז 5 קאפ.

Типографія Г. Пимента и Я. Швабе, Сѣраковская 4

שלום עליכם:

1) פעסעלע דעם רבינ'ס 5

ל. שפּירא:

3) דער קויש 5

שלום עליכם:

4) אלמנה נומער 1 5

5) אלמנה נומער 2 5

6) אלמנה נומער 3 5

אברהם רייזין:

7) פערשפעטיגט 5

9) גוטע ברידער, קאָמעדיע 5

שלום אש:

10) מאָמענטען 15

שלום עליכם:

11) ווינדישנער בילעט 15

12) שמוא'ליק 5

13) יוסף דער דושענטעלמען 10

ד. פינסקי:

14) די יונגע ליעבע 5

שלום עליכם:

15) שפּרינצע 5

מ. טייטש:

16) דער שפּיאָן 5

שלום עליכם:

17) די יורשים 5

18) מיט'ן עטאפּ 15

19) דער יונגסטער פון די מלכים 5

20) די ערשטע קאָפּונע 10

21) חוה 5

22) ערשטע יודישע רעפּובליק 10

יעקב נאָרדין:

23) דער קרבן 5

שלום עליכם:

24) 13 פעראייניגטע שטאאטען 10

25) 13 געפאנגענע 10

26) עולם הבא 10

27) הונדערט אַיינס 5

אברהם רייזין:

28) די ציגיינערין 5

שלום עליכם:

29) ערב-פסח'דיגע עמיגראציע 5

גיואי דע מאָפּאסאַן:

30) שמעון 5

ה. ספּענסער:

31) שלאָף און חלומות 6

וו. דאָראָשעוויטש:

32) די באראָנעסע 5

מענדעלע מוכר ספרים.

33) אין יענער צייט 10

לעוו טאָלסטאָי:

34) וועמעס גלויבען
איז בעסער? 5

יעקב דינעזאָהן:

35) המן און זיינע מעלטער 5

שלום עליכם:

36) אויף יענער זייט סמבטיון 10

37) א פסח אין דארף 5

38) ל"ג בעומר 5

39) משולחת 5

40) דער זייגער 5

41) א בלעטיל שיר השירים 7

42) א מעשה אָהן אַן עק 25

43) ווען איך בין ראָטשילד 5

אברהם רייזין:

44) א פוילישער גלח 5

שלום עליכם:

45) גזלנים 6

46) א גרויסע געווינס 8

ג. נאַ־ין:

47) סאָפיע 5

שלום עליכם:

48) צוויי טויטע 8

49) דאָס פאַר פאָלק 8

יונה ראָזענפעלד:

50) קאָנקורענטען 5

שלום עליכם:

51) מענשען 15

יעקב דינעזאָהן:

52) שמשון שלמה 5

שלום עליכם:

53) בלינצעס 7

54) טביה דער מילכיגער
פאָהרט קיין ארץ ישראל 7

55) אסתר 7

56) גאָלד-שפּינערס 5

57) די שטאָדט כתרילעווקע 5

58) פיער וועגען מיר געזעסען 15

מ. מעטערלינק:

59) די דערטרונקענע 5

ג. וועגדראָף:

60) פריהער און שפּעטער 5

שלום עליכם:

61) די גרויסע בהלה 15

62) רויזלערט און שיכור'ס 6

63) ביים קעניג אחשורוש 5

64) מיין ערשטער ראָמאַן 10

א. פראַנס:

65) דער גאסען-הענדלער 10

שלום עליכם:

66) ראבטשיק 5

67) בערדיטשעווער טראמוואי 5

68) בערדיטשעווער האָטעלען 5

69) בערדיטשעווער טעאטער 5

70) בערדיטשעווער שריפות 5

71) די פרעהליכע קאָמפּאַניע 15

א. גאַרשין:

72) די געפאַלענע פרוי 10

אברהם רייזין:

73) רעפּעטיציע 6

# מְתוּשֶׁלַח.

(אַ יודיש פערדיל).

מְתוּשֶׁלַח — אַזוֹי הָאט מֶען אִיהם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען אִין דָער פַאר, וָואס עֶר אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט יָאהרֶען, נִישְׁט גֶעהַאט שׁוֹין אֵיין צָאהן אִין מוֹיל אַ חוּץ צְוַויי דְרַיי פֶּענְקִים, וָואס מִיט זַיי פְלֶעגְט עֶר קוֹים מִיט צָרוֹת קַייֶען — אַבִּי סְ'אִיז נוּר גֶעוֶוען וָואס. אַ הוֹיכֶער, אַ מָאגֶערֶער מִיט אַיין אָבְּגֶעבַּארֶעטֶער פֶעל, מִיט אַ צֶעהַרְגֶ'עטֶען רוּקֶען, קַאלִי אוֹיגֶען, אוֹיף אֵיינֶעם אַ בּוּלְמֶע, דָאס אַנְדֶערֶע רוֹיטְלִיךְ, אוֹיבֶּעןְקֶעבֶּעלְמֶע פִּיס, שְׁפִּיצִיגֶע קְלִיבֶּעס, אַיינְגֶעפַאלֶענֶע זַייטֶען, דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע לִיפּ אַבִּיסִיל אַרָאבְּגֶעלָאזְט, וְוִי פֶערְוַוייְנְט. דֶער וַוייִדִיל אַיין אוֹיסְגֶעפְלִיקְטֶער — אָט הָאט אִיהר זַיין פְּאטְרֶעט; אוּנ גֶעדִיעֶנְט הָאט עֶר אוֹיף דִי עֶלְטֶערֶע יָאהרֶען אִין כַּתְרִילִיוְוקֶע בַּיי כַּתְרִיאֵל דֶעם וַואסֶערְפִירֶער בַּיים פֶעסִיל פַאר אַ פֶערְדִיל.

בְּטֶבַע אִיז מְתוּשֶׁלַח גֶעוֶוען אַ רוּהִיגֶער, אַ הָארֶעפַּאשְׁנֶער נָאר אֵיין אָנ'סְגֶעהָארֶעוֶועטֶער גֶעבַּאךְ. אָנְגֶעטִיאֶפֶּקֶעט זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִין דָער כַּתְרִילִיוְוקֶער לַיימִיגֶער בְּלָאטֶע אוּנ פֶערְזָארְגְט דִי שְׁטָאדְט אוֹיף אַ גַאנְץ מַעַת־לְעֵת מִיט וַואסֶער, אִיז עֶר גֶעוֶוען צוּפְרִיעדֶען אַז מֶע הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁפַּאנְט פוּנְ'ם פֶעסִיל, אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען אַבִּיסֶעל שְׁטְרוֹי אוּנ פֶערְבִּיסֶען מִיט אַ כָּאמֶענִיצֶע וָואס כַּתְרִילִיכֶע הָאט אִיהם אוּנְטֶערְגֶעטְרָאגֶען מִיט אַזַא פָּנִים, וְוִי מֶע טְרָאגְט אַ שְׁטֵייגֶער אוּנְטֶער זֵעהר אַיין אָנְגֶעלֵייגְטֶען גַאסְט אַ פַּאלוּמֶעסִיק מִיט פִישׁ, אָדֶער אַ שִׁיסֶעל מִיט וַוארֶענִיקֶעס. אוֹיף דֶער דָאזִיגֶער פָּאמֶענִיצֶע פְלֶעגְט מְתוּשֶׁלַח אַרוֹיסְקוּקֶען וְוִי אוֹיף עֶפִּיס רֶעכְטְס, מַחֲמַת דָארְטֶען הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַלֶע מָאל אַיין אוֹיסְגֶעוַוייקְט שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, קַאשֶׁע אַבִּיסֶעל, וּכְדוֹמֶה אַזֶעלְכֶע וַוייכֶע זַאכֶען, וָואס מֶע פֶערְשְׁפָּארְט צוּ זַיי צֵייהן. דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאט כַּתְרִילִיכֶע גֶעזַאמֶעלְט פוּן מְתוּשֶׁלַחְ'ס וֶועגֶען, גֶעוָוארְפֶען אִין

פּאָמעניצע אַריין וואָס ס'איז איהר געקומען אין די הענט אַריין, — לאָז דאָס פערדיל נעבאַך האָבען וואָס צו עסען, — און מתושלח, אַז ער האָט איבערגעביסען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צום פּעסיל און מיט'ן הינטען מחילה צו כתריליכען ווי איינער רעדט: ‚אַ דאַנק אייך פאַר אייער זאַלץ און ברויט'... בשעת מעשה אַראָבגעלאָזט די אונטערשטע ליפּ נאָך נידעריגער, דאָס זעהענדיגע איינציגע אויג צוגעמאַכט און אַריינגעלאָזט זיך אין טיפע פערדישע געדאַנקען.

ב.

מיינט ניט פון דעסטוועגען, אַז אַלע מאָל זיינט מתושלח איז אַ פערד איז ער געווען אַזוי ווי ער ווערט דאָ אויסגעמאָלט. אַמאָל אין די יונגע יאָהרען, בשעת ער איז נאָך געווען אַ לאָשעקיל און נאָכגעלאָפען דער מאַמען נאָכ'ן וואָגען, האָט ער זיך געשניטען גאָר אויף אַ גוט פערדיל. מבינים האָבען אויף איהם געזאָגט נביאות, אַז עס וועט פון איהם אויסוואַקסען אַ פערדיל גאָר אויף הדושים. ‚אַט וועט איהר זעהען — האָבען זיי געזאָגט — ער וועט נאָך געהן אַמאָל געשפּאַנט אין אַ קאַרעטע מיט די שענסטע מיט די בעסטע פערד'...!

אַז דאָס לאָשעקיל איז אויסגעוואַקסען און געוואָרען אַ פערדיל, האָט מען דעם מחילה אָנגעטהון אַ צוימיל און אַרומגעפיהרט אויפ'ן יריד, אַוועקגעשטעלט צווישען אַ נוזקא פערד, דורכגעטריבען איהם צומאָל פּוסטיג הין און צוריק, געקוקט איהם אַלע מינוט אין די צייהן אַריין, אויפגעהויבען די פיס און געטראַכט די קאָפּיטעס, — את איבערגעגעבען איהם פון איינעם צום אַנדערען.

פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן פאַר איהם אַ לאַנגער גלות, אַ נע־ונד זיין פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען, אַ בייטעניש פון איין בעל־הבית צום אַנדערען, אַ שלעפּען פון גרויסע שווערע וואָגענס מיט דרייסיג פוד משא, אַ מאַפּקען ביז'ן בויך אין דער בלאָטע, און אַ פּרדה פון בייטשען, שטעקענס מיט קלעפּ אָן צייט אַריין, אָן קאָפּ און אָן די פיס און אָן אַנדערע ערטער.

## ג.

אַ שטיק צייט איז ער געגאַנגען אין דישעל ביי אַ פּאָטשטמאַווע װאָגען אונטער'ן גלאָק, וואָס האָט איהם ניט אויפגעהערט צו קלינגען אין די אויערען אַריין: גלין—גלין—גלאָן! גלין—גלין—גלאָן! אונ געלאָפען משוגענער ווייז הין אונ צוריק אַלץ אויף איין טראַקט. נאָכ־דעם איז ער אַריבער צו אַ פּראָסטען בעל הגוף, וואָס האָט געאַרבעט מיט איהם כל עבודת פרך: געאַקערט אונ געזייעט, געפיהרט אַ מורא־דיגען וואָגען מיט תבואה, אַ פאַס וואַסער, אַ וואָגען מיט מיסט, פערדיש'קייט אונ קוהען'קייט, וכדומה אַזעלכע גראָבע אַרבייט, צו וועלכע ער איז כלל נישט געוואוהנט געוואָרען. פון דאָרטען איז ער אַריינגעפאַלען צו אַ ציגיינער אין די הענט אַריין, האָט מיט איהם דער ציגיינער געמאַכט אַזעלכע זאַכען, מאוס'ע סגולות צום לויפען, וואָס ער וועט זיי ניט פערגעסען ווייל ער וועט לעבען!... פונ'ם ציגיינער איז ער אַריבער אין אַ טאַבון אַריין מיט נאָך אַ סך פערד אונ פון דאָרטען איז ער אין אַ קורצער צייט מגולגל געוואָרען קיין מאַזעפּעווקע צו אַ בעל־עגלה מיט אַ שווערען וואָגען, געקאָוועט אין אייזען, מיט אַ סך גלעקלעך אונ מיט אַ משונה מאָדנע צעשמידערטע סוכה, וואָס מע רופט דאָס „בויד״. דאָ, ביים בעל־עגלה מיט דער בויד, האָט ער געכאַפּט ביימשען מיט שטעקענס אָהן אַ שיעור, גלייך ווי אַ פערדישע פעל איז פון לעדער — נישט פון בלוט אונ פלייש, גלייך ווי פערדישע זייטען זענען פון אייזען — ניט פון ביינער. וועה, וועה וויפיעל מאָל פלעגט זיך מאַכען, אַז קוים־קוים וואָס ער פלאָנ־טערט מיט די פיס, פיהלט ווי אָבצווייגנעס ציהען איהם פאַר די לונקעס, אונ אין בויך אַ שווערע משא, עפּיס ווי אַ קנויל — אונ ער דער אכזרי'שער בעל־עגלה „נאָ״ אונ „וויאָ״ אונ אַ שמיץ מיט דער ביטש, אונ אַ זעץ מיט דער פוזשעלי, — טאַמער ווייסט איהר וואָס?

אַ שטיקל גליק האָטש, וואָס ביי דעם בעל־עגלה איז איינ־געפיהרט איין טאָג אין דער וואָך אַזעלכער, וואָס מע שטעהט אויף איין אָרט, מע שטעהט אונ מע קייעט אונ טהון טהוט מען גאָר ניט.

מְתוּשָׁלַח פְלֶעגְט נִיט אֵיין מָאל פֶערְקְלֶערֶען זִיךְ; זַיין פֶערְדִישֶׁער מֹחַ הָאט נִישְׁט גֶעקָאנְט מַשִׂיג זַיין, וָואס אִיז דֶער שֵׂכֶל פוּנִ'ם דָאזִיגֶען מָאנ, וָואס מֶע רִיהְרְט נִיט פוּנִ'ם אָרְט? אוּנ פַאר וָואס זָאל נִיט זַיין אַזוֹי כְּסֵדֶר? פְלֶעגְט עֶר זִיךְ טְרַאכְטֶען, אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִי אוֹיעֶרֶען, צוּמַאכֶען אַיין אֵייגִיל אוּנ קוּקֶען אוֹיף זַיינֶע צְוַויי חֲבֵרִים, וָואס זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען מִיט אִיהם צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ אֵיין בּוֹיד

---

## ד.

פוּנִ'ם בַּעַל־עֲגָלָה מִיטְ'ן בֵּיידִיל אִיז עֶר אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין אַ דְרֶעשׁ־מַאשִׁין, גֶעאַרְבֵּייט עֲבוֹדַת פֶּרֶךְ, זִיךְ גֶעדְרֵעהט גַאנְצֶע טֶעג אַרוּם אַ רָאד, זִיךְ אָנְגֶעגֶעסֶען גוּט מִיט פָארָאךְ אוּנ מִיט פַּאלָאוֶוע, וָואס אִיז אִיהם גֶעקְרָאכֶען אִין נָאז אַרַיין, אִין מוֹיל אוּנ אִין דִי אוֹיגֶען אַרַיין אוּנ פֶערְדוּלְט גֶעוָוארֶען פוּנִ'ם טְרַאךְ טַארֶערַאךְ. „וָואס וֶועט זַיין פוּנִ'ם דְרֵעהֶען זִיךְ? — פְלֶעגְט עֶר זִיךְ נִיט אֵיין מָאל טְרַאכְטֶען אוּנ וֶועלֶען אָבְּשְׁטֶעלֶען זִיךְ אוֹיף אַ מִינוּט — וֶוער הָאט דָאס אוֹיסְגֶעקְלֶעהְרְט דֶעם שֵׂכֶל פוּן דְרֵעהֶען זִיךְ אוֹיף אֵיין אָרְט?...״ מֶע הָאט אִיהם אָבֶּער לַאנְג נִישְׁט גֶעלָאזְט טְרַאכְטֶען; פוּן אוּנְטֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אֵיינֶער מִיט אַ בֵּייטְשׁ אוּנ נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ הַאקֶען אוֹיף אִיהם: הוּ—הִי! הוּ—הִי!..
„פֶּרֶא־אָדָם אֵיינֶער! — טְרַאכְט עֶר זִיךְ אוּנ חַאפְּט אַ קוּק מִן הַצַּד אוֹיף יֶענֶעם וָואס מִיט דֶער בֵּייטְשׁ — אִיךְ וָואלְט אַ בֶּעלְן גֶעוֶוען זָעהֶען, מֶע זָאל דִיךְ אַיינְשְׁפַּאנֶען אָט אַ דָא אִין דֶער רָאד אוּנ אוּנְטֶערְשְׁמַייסֶען דִיךְ, דוּ זָאלְסְט דִיךְ דְרֵעהֶען אָהן אַ שׁוּם טָאלְכ״!...

סֶע הֶערְשְׁטֵעהט זִיךְ אַז פוּן אַזַא מִין דְרֵעהֶען זִיךְ אִין שְׁטֶענְדִיגֶען פָארָאךְ אִיז עֶר אַרוּיס גֶעבַּאךְ אַ קַאלִיקֶע, אוֹיף אֵיין אוֹיג אַ בּוּלְמֶע, דָאס אַנְדֶערֶע אַבִּיסִיל רוּיטְלִיךְ, אוּנ אוֹיף דִי פִיס אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוָוארֶען אַבִּיסִיל גֶעהַאקְט. מִיט אַזַא שַׁארְפֶען חִסָרוֹן הָאט עֶר שׁוֹין גֶעטוֹיגְט אוֹיף זִיבֶּען אוּנ נַיינְצִיג כַּפָּרוֹת, הָאט מֶען אִיהם אַרוּיסְגֶעפִיהְרְט וִוידֶער אַמָאל אוֹיפְ'ן יָרִיד, טָאמֶער וֶועט מֶען אִיהם קָאנֶען עֶמִיצֶען פַארְטֹהוּן. מֶע הָאט אִיהם גַאנְץ פַיין אוֹיסְגֶעקֶעמְט, אוֹיסְגֶעפּוּצְט. דֶעם

הײדִיל בְּלוּמֶר'שְׁט אוּנְטֶערְגֶעבּוּנְדֶען און דִי קַאפִּיטֶעס צוּגֶעפַּארְכְּט מִיט פֶּעטֶען; — עֶס הָאט אָבֶּער נִישְׁט גֶעהָאלְפֶען, אַ וָועלְט נַארְט מֶען נִישְׁט. וִויפִיעל מֶע הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעטוּמְשֶׁעט, עֶר זָאל זִיךְ בָּחוּר'ען, הַאלְטֶען דֶעם קָאפּ מִיט נַדְלוּת, עֶר הָאט זִיךְ גֶעטְהוּן זַיינְס: אַרָאבְּ־גֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ מִיט גְרוֹיס עֲנָוות, דִי פִּיסְלִיךְ אוֹיסְגֶעקְנֶעכֶעלְט, דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע לִיפּ אַרָאבְּגֶעלָאזְט אַבִּיסֶעלִי אוֹיף אַ זַייט, און פוּן אֵיין אויג גֶעלָאזְט אַ טְרֶעהר!.. נַיין, עֶס הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין נִישְׁט גֶעפוּנֶען אוֹיף אִיהם קַיין בַּעֲלָנִים! אַ פָּאר מֶענְשֶׁען זָענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם, שׁוֹין אַפִילוּ אִין מוֹיל אַרַיין נִישְׁט גֶעקוּקְט, נָאר אַזוֹי אַ מַאךְ גֶעטְהוּן מִיט דֶער הַאנְט אוֹיף אִיהם אִיבֶּער דֶער מָארְדֶע, אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען, און אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אֵיינֶער הָאט זִיךְ יָא אָבְּגֶערִיסֶען אַ בַּעֲלָן, נָאר נִישְׁט אוֹיף אִיהם, אוֹיף זַיין פֶּעל. מַע הָאט אָבֶּער נִישְׁט גֶעקָאנְט דוּרְכְקוּמֶען פַאר'ן מֶקַח; יֶענֶער, דֶער פֶּעל־הֶענְדְלֶער, הָאט בֶּעוִויזֶען אַ חֶשְׁבּוֹן, אַז עֶס לוֹינְט נִישְׁט: דַאס אָבְּפִיהְרֶען אִיהם, דָאס אוּמְוַואלְגֶערֶען מִיט'ן אָבְּשִׁינְדֶען וָועט קָאסְטֶען מֶעהר ווי פִיל די פֶּעל אִיז וֶוערְט.

ס'אִיז אִיהם אָבֶּער בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶען אַ פָּנִים אַ גוּט עֶלְטֶער, אִיז אוּנְטֶערְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען כַּתְרִיאֵל דֶער וַואסֶערְפִיהְרֶער און הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּ פִיהְרֶען קַיין מַאזֶעפֶּעוְוקֶע.

ה.

בִּיז אַהֶער אִיז כַּתְרִיאֵל דֶער וַואסֶערְפִיהְרֶער אַ יוּד אַ בְּרֵייט־בֵּיינִיגֶער מִיט אַ צֶעפְּלֶעצְטֶער נָאז און מִיט אַ בֶּעוַואכְסֶען פָּנִים פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאבּ, גֶעוֶועזֶען אַלֵיין דֶער וַואסֶערְפִיהְרֶער און אַלֵיין דָאס פֶּערְדִיל, דָאס הֵייסְט עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט מְחִילָה אִין פֶעסִיל און צֻעפִיהְרְט אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט דָאס וַואסֶער. ווִי פִיעל כַּתְרִיאֵל אִיז פֶערְשְׁוַוארְצְט גֶעוָוארֶען דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען זַיינְס, הָאט עֶר קֵיינֶעם נִישְׁט מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט; נָאר אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען עֶמִיצֶען פָאהרֶען מִיט אַ פֶערְד, פְלֶעגְט עֶר זִיךְ אָבְּשְׁטֶעלֶען און לַאנְג — לַאנְג נָאכְקוּקֶען יֶענֶעם די טְרִיט. זַיין אֵיינְצִיגֶער וְוִינְשׁ

אוֹיף דָער וֶועלְט אִיז גֶעוֶוען: נָאט זָאל אִיהם הֶעלְפֶען, עֶר זָאל קָאנֶען זִיךְ צוּשְׁלָאגֶען צוּ אַ פֶערְדִיל, נָאר וִויפִיעל עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקְלִיבֶּען, הָאט עֶר נִישְׁט גֶעקָאנְט דֶערְשְׁלָאגֶען זִיךְ צוּ אַזַא קַאפִּיטַאל וָואס עֶר זָאל דָערוֹיף קָאנֶען קוֹיפֶען אַ פֶערְדִיל. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר נִישְׁט דוּרְכְגֶעלָאזְט קַיין יָרִיד עֶר זָאל זִיךְ נִיט דוּרְכְגַעהְן צְוִוישֶׁען דִי פֶערְדְ־לִיךְ, גְלַאט אַזוֹי אַ קוּק טְהוּן, וִוי זָאגְט מֶען: אַ טַאם אִין וָואגֶען. דֶערְזֶעהֶען אַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ, פֶערְוָואגֶעלְט דֶערְשְׁלָאגֶען פֶערְדִיל שְׁטֵעהֶען אִין מִיטֶען יָרִיד אָהן אַ צַיימִיל, נִישְׁט צוּגֶעבּוּנְדֶען אִין עֶרְגִיץ. הָאט זִיךְ כַּתְרִיאֵל אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט. דָאס הַארְץ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, אַז דָאס פֶערְדִיל בֶּעדַארְף זַיין אָנְגֶעטָאפְּטֶען פַאר זַיין גֶעלְד

כַּךְ הֲוָה. עֶר הָאט זִיךְ לַאנְג נִישְׁט בֶּעדַארְפְט דִינְגֶען; כַּתְרִיאֵל הָאט גֶענוּמֶען דָאס פֶערְדִיל אוּנ אִיז מִיט אַ פְרֵיילִיךְ הַארְץ גֶעלָאפֶען אַהַיים. גֶעקוּמֶען אַהַיים הָאט עֶר אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין דֶער טִיר פוּן דְרוֹי־סֶען, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען כַּתְרִילִיבֶע אַ דֶערְשְׁרָאקֶענֶע.

— וָואס אִיז דָאס? נָאט אִיז מִיט דִיר!

— גֶעקוֹיפְט, וִוי אִיךְ בִּין אַ יוּד, גֶעקוֹיפְט.

כַּתְרִיאֵל אוּנ כַּתְרִילִיבֶע הָאבֶּען נִישְׁט גֶעוואוּסְט, וואוּ מֶע זָאל אַהִינְטְהוּן דָאס פֶערְדִיל. זַיי זָאלֶען זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען פַאר דִי שְׁכֵנִים, וָואלְטֶען זַיי דָאס אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין שְׁטוּבּ אַרַיין. גִיךְ אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אַבִּיסִיל שְׁטְרוֹי אוּנ הֵיי, אוּנ כַּתְרִיאֵל מִיט כַּתְרִילִיבֶען הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט, זִיךְ גֶעשְׁפִּיגֶעלְט אִינ'ם פֶערְדִיל, זִיךְ נָאר נִישְׁט גֶעקָאנְט אָנְקוּקֶען.

אוֹיךְ דִי שְׁכֵנִים זֶענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען אָנְקוּקֶען דִי כְּשֵׁרֶ'ע מְצִיאָה וָואס כַּתְרִיאֵל הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּ פִיהְרֶען פוּנ'ם יָרִיד; מֶע הָאט גֶעלַאכְט פוּנ'ם פֶערְדִיל, גֶעמַאכְט חוֹזֶק; עֶס זֶענֶען גֶעפְלוֹיגֶען וֶוערְטְלִיךְ אַלֶערְלֵיי, וִוי גֶעוֵוינְטְלִיךְ. דֶער הָאט גֶעזָאגְט אַ חָכְמָה, אַז דָאס פֶערְדִיל אִיז גָאר נִישְׁט קַיין פֶערְדִיל, נָאר אַ „מוֹיל־אֵייזִיל"; אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט: וָואסֶער מוֹיל־„ ס'אִיז גָאר אַ קַאץ! דֶער דְרִיטֶ־

הָאט גֶעזָאגְט: ס'אִיז אַ רוּחְנִית, מֶע בֶּעדַארְף דָאס הִיטֶען פוּן אַ ווִינְט, חַארוּם אַ רֶעכְטֶער ווִינְט קָאן דָאס חָלִילָה אַוֶועקְטְרָאגֶען.

— ווִיפִיעל קָאן דָאס אַלְט זַיין? הָאט אַיינֶער אַ פְרֶעג גֶעטְהוּן;

— מֶעהר ווִיפִיעל כַּתְרִיאֵל מִיט כַּתְרִילִיכֶען אִינְאַיינֶעם.

— מְתוּשֶׁלַח'ס יָאהרֶען.

— מְתוּשֶׁלַח!

אוּנ פוּן דֶעמָאלט אָן אִיז אִיהם פֶערְבְּלִיבֶּען דער נָאמֶען מְתוּשֶׁלַח עַד הַיּוֹם הַזֶּה.

---

### ו.

דֶערְפַאר אִיז אִיהם אָבֶּער גֶעוֶוען בַּיי כַּתְרִיאֵל דֶעם וַואסֶער־פִיהרֶער אַזוֹי ווִי נָאךְ קֵיין מָאל נִישְׁט, אַפִּילוּ גָאר אִין דִי גוּטֶע יָאהרֶען. גָרְשְׁטֶענְס אִיז דִי אַרְבַּייט עֶפִּיס גָאר אַ גֶעלֶעכְטֶער אוּנ גֶענוּג. שְׁלֶעפֶּען אַ פֶּעסִיל וַואסֶער אוּנ בַּיי יֶעדֶער שְׁטוּבּ אָבְּשְׁטֶעלֶען זִיךְ — אוֹיךְ מִיר אַיין אַרְבַּייט! אוּנ דֶער בַּעַל־הַבָּיִת אִיז עֶפִּיס גָאר אַ דִימֶענְט. אַ מֶענְשׁ זָאל זִיךְ נִיט צוּרִיהרֶען, קֵיין הוֹיכֶען גֶעשְׁרַיי נִישְׁט טְהוּן, הַאלְטֶען אַ בַּייטְשׁ פוּן יוֹצֵא וֶוענֶען! הַיינְט דָאס עֶסֶען. אֱמֶת, קֵיין הָאבֶּער קוּקְט עֶר נִישְׁט אָן; נָאר צוּ וָואס טוֹיג אִיהם דֶער הָאבֶּער, אַז עֶר הָאט בִּמִלָא נִישְׁט מִיט וָואס צוּ קֵייעֶן? נִישְׁט גְלַייכֶער שׁוֹין דִי פָּאמִינִיצֶע מִיט דִי וַוייכֶע שְׁטִיקְלִיךְ בְּרוֹיט וָואס כַּתְרִילִיכֶע טְרָאגְט אִיהם אַלֶע טָאג אַקֶעגֶען? אוּנ נִישְׁט אַזוֹי דִי פָּאמִינִיצֶע ווִי דָאס דֶערְלַאנְגֶען דִי פָּאמִינִיצֶע. מֶע בֶּעדַארְף זֶעהֶען ווִי כַּתְרִילִיכֶע שְׁטֶעהט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה צוּגוֹיסְגֶעלַייגְט דִי הֶענְט אוֹיפִ'ן הַארְצֶען אוּנ קְלוֹיבְּט נַחַת פוּן מְתוּשֶׁלַחְ'ן, ווִי עֶר עֶסְט דָאס קֵיין עַיִן־הָרָע נִיט. קוּמְט בַּיינַאכְט, בֶּעט מֶען אִיהם אוֹיס אִין הוֹיז אַבִּיסִיל שְׁטְרוֹי אוּנ מֶע גֶעהט אַרוֹיס אַלֶע מָאל אָדֶער כַּתְרִיאֵל אָדֶער כַּתְרִילִיכֶע גֶעוָואהר וֶוערֶען, צִי מֶע הָאט אִיהם חָלִילָה נִיט אַוֶועקְגֶעלַקְחָ'ענְט. גַאנְץ פְרִיה, אַז גָאט אַלַיין שְׁלָאפְט נָאךְ, אִיז שׁוֹין כַּתְרִיאֵל בַּיים פֶערְדִיל, עֶר שְׁפַּאנְט דָאס אַיין פַּאווָאלִינְקֶע אִין פֶּעסִיל, זֶעצְט זִיךְ אוֹיף אוּנ פָאהרְט צוּם טַייךְ נָאךְ וַואסֶער אוּנ זִינְגְט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה מִיט אַ מְשׁוּנֶה כָאדְנֶעס נִגוּן:

אַשְׁרֵי הָאִישׁ אֲשֶׁר לֹא הָלַךְ —

— „אַז וואהל אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען, הֵייסְט דָאס, וָואס גֵעהט נִישְׁט צוּ פִּיס...“ אוּנ אַז עֶר גִיסְט אָן דָאס פֶּעסִיל מִיט וַואסֶער גֵעהט עֶר שׁוֹין צוּרִיקְוֶועגְס צוּ פִּיס אָהן אַ נִגוּן, מִיאָפְּקֶעט גְלַייךְ מִיט מְתוּשֶׁלַחְ'ן אִין דֶער בְּלָאטֶע, דְרַעהט מִיט דֶער בַּייטְשׁ — נוּ זְשֶׁע, מְתוּשָׁלַח, רִיהר זִיךְ, רִיהר זִיךְ!

מְתוּשָׁלַח שְׁלֶעפְּט דִי פִּיס פוּן דֶער בְּלָאטֶע, שָׁאקֶעלְט מִיטְ'ן קָאפּ אוּנ חַאפְּט אַ קוּק מִיטְ'ן אֵיינְצִיגֶען אֵייגִיל אוֹיפְ'ן בַּעַל־הַבָּיִת אוּנ טְרַאכְט זִיךְ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה: „זִינְט אִיךְ בִּין אַ פֶערְד, הָאט זִיךְ מִיר נָאךְ נִיט גֶעטְרָאפֶען דִינֶען בַּיי אַזַא מְשׁוּגֶה מָאדְנֶע בְּרִיאָה“! אוּנ דָאס פֶערְדִיל אִיז זִיךְ מְיַשֵּׁב, טְהוּט זִיךְ אַ רוּק אוֹיף דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע פִּיס אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ אָב אוֹיף אַ צִיקַאוֶועסְט אִין מִיטֶען דֶער בְּלָאטֶע, ווִי אֵיינֶער רֶעדְט: „אַנוּ, לָאמִיר אִינְמִיסְטֶען זֶעהֶען, וָואס וֶועט זַיין דֶערְפוּן?“ — דֶערְזֶעהֶען אַז דָאס פֶערְדִיל הָאט זִיךְ פְּלוּצִים אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט, הוֹיבְּט אָן כַּתְרִיאַל אַרוּמְדְרַעהֶען זִיךְ אַרוּם פֶעסִיל, בֶּעטְרַאכְטֶען דִי רֶעדֶער, דִי אַקְסֶען, דִי שְׁטְרִיקְלִיךְ; אוּנ מְתוּשֶׁלַח, אוֹיסְגֶעדְרַעהט דֶעם קָאפּ צוּ כַּתְרִיאֵלֶ'ען אוּנ אַ מַאךְ מִיט דִי לִיפֶּען ווִי אַ שְׁמַייכֶעל גֶעטְהוּן, טְרַאכְט עֶר זִיךְ: „אַ טִפֵּשׁ אָט דֶער וַואסֶערְפִיהרֶער! אַ הוֹשֵׁיב, אַ פְּרָאכְטֶע בְּהֵמָה“!...

ז.

סְ'זָאל כְּסֵדֶר זַיין נוּט אוֹיף דֶער וֶועלְט — דָאס אִיז נִיטְ'ט פֿארְהַאן. אוֹיף ווִיפִיעל מְתוּשֶׁלַח הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט גְלִיקְלִיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער בַּיי כַּתְרִיאֵלֶ'ען אוּנ כַּתְרִילִיכֶען, אַזוֹי פִיעל אִיז עֶר אוֹיפְגֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען, אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען צָרוֹת, יְסוּרִים אוּנ בִּזְיוֹנוֹת פוּן זַייעָרֶע קִינְדָער, פוּן זַייעֶרֶע שְׁכֵנִים'ס קִינְדָער אוּנ פוּן גְלַאט קִינְדֶער.

פוּן דֶער עָרְשְׁטֶער מִינוּט אָן, וָואס מֶע הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּ פִיהרֶען, אוּנ קְלֵיינְוַוארְג הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען, הָאבֶען זַיי בֶּעקוּמֶען צוּ אִיהם עֶפִּיס אַ מִין... נִישְׁט קֵיין שִׂנְאָה חַס וְשָׁלוֹם, אַדְרַבָּה עֶפִּי־

קֶעהרְט, זַיי הָאבֶּען אִיהם דַוְקָא לִיעבּ גֶעהַאט; נָאר דָאס דָאזִיגֶע לִיעבּ־שׁאפְּט אִיז גֶעוֶועֶן פַאר מְתוּשֶׁלַחְ׳ן אַ שְׁחִיטָה; הַלְוַאי וָאלְטֶען זַיי אִיהם בֶּעסֶער ווִינְצִיגֶער לִיעבּ גֶעהַאט אוּנ אַבִּיסֶעלֶע מֶעהר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט...

דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאבֶּען אִיהם בַּתְרִיאֵלִ׳ס קִינְדֶער, בָּארְוִויסֶע תַּלְמוּד־תּוֹרָה יוּנְגְלִיךְ, אוֹיסְגֶעפְּרוּבְּט, אַז קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען, צִי פִּיהלְט עֶר אַזוֹי ווִי אַ מֶענְשׁ, צִי נַיין? הָאבֶּען זַיי אִיהם גֶעפְּרוּבְּט פוּן דֶער גְרִינְג מִיט אַ שְׁטֶעקִיל אִיבֶּער דֶער פֶּעל — נַיין; אַ קִיצֶעל אִיבֶּער דִי פִּיס — נַיין, אַ שְׁנָאל אִיבֶּערְ׳ן אוֹיעֶר — קוּים—קוּים. עֶרְשְׁט נָאכְדֶעם אַז זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶעפְּרוּבְּט מִיט אַ שְׁטְרוֹיעֶלֶע אִיבֶּערְ׳ן ווַייסֶען אֵייגִיל מִיט דֶער בּוּלְמֶע, הָאבֶּען זַיי עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט דֶערְזֶעהֶען, אַז עֶר פִּיהלְט ווִי אַ מֶענְשׁ, מַחְמַת עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ פִּינְטִיל מִיט דִי אוֹיגֶען אוּנ אַ מאךְ מִיטְ׳ן קָאפּ, הִין אוּנ צוּרִיק, ווִי אֵיינֶער רֶעדְט: „נַיין, דָאס נִיט, דָאס גֶעפֶעלְט מִיר נִיט"... ווִי בַּאלְד אַזוֹי הָאבֶּען זַיי שׁוֹין דֶערְטַאפְּט אַ רִיטִיל פוּן אַ בֶּעזֶעם אוּנ הָאבֶּען אִיהם אַרַיינְגֶערוּקְט מִיעף אִין נָאז אַרַיין, הָאט מְתוּשֶׁלַח גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁפְּרוּנְג אוּנ אַ טַאגְ׳ן אוּנ אַ פָּארְשְׁקֶע מִיט דֶער נָאז, אִיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶּען בַּתְרִיאֵל מִיט אַ גְוַואלְד:

— שְׁקָצִים, עַכְבְּרוֹשִׁים, ווָאס פָּארֶעט אִיהר זִיךְ מִיטְ׳ן פֶערְד? אִין חֵדֶר אַרַיין הוּלְטַייעָס!

אוּנ חֶבְרָה הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִי פִּיס אוֹיף דִי פְּלַייצֶעס אוּנ זֶענֶען אַוֶועק אִין חֵדֶר, דָאס הֵייסְט אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה אַרַיין.

## ח.

דָארְט אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה, אִיז גֶעוֶועֶן אֵיינֶער אַ רְאוּבֶן׳עלֶע אַ סְפִּירְטָאוֶוע יוּנְגִיל, אַ מַזִיק, זָאל גָאט שׁוֹמֵר וּמַצִיל זַיין! אוֹיף אִיהם הָאט זַיין אֵייגֶענֶע מַאמֶע אַלֵיין גֶעזָאגְט, אַז „אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער זָאל מֶען גֶעדִיכְט זֵייעֶן אוּנ שִׁיטֶער אוֹיפְגֵעהְן". זַיין עוּבְדָא אִיז גֶעוֶועֶן אַיינֶעסֶען זִיךְ אִימְלִיכֶען בֶּעזוּנְדֶער אִין דִי בֵּיינֶער אַרַיין. וואו אַ בּוֹידֶעם וואו אַ קֶעלֶער — אִיז עֶר גֶעוֶועֶן אוֹיסֶען. טְרַייבֶּען הִיהֶנֶער, גֶענְז אָדֶער קַאטְשְׁ־

קֶעס, שְׁרֶעקְקֶען צִיגֶען, מוּטְשֶׁען קֶעץ, שְׁלָאגֶען הִינְט, פוּן חֲזֵרִים שְׁמוּעֶסְט מֶען נִיט — דָאס אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶוען דָאס חַיוֹת! דִי קְלֶעפּ פוּן דָער מַאמַע, דִי שְׁמִיץ פוּנ׳ם תַּלְמוּד־תּוֹרָה מְלַמֵד אוּנ דִי פֶּעטְשׁ פוּן ווילְד פְרֶעמְדָע זֶענֶען גֶעוֶוען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, אוּנ דִי קְלָלוֹת, וָואס מֶע הָאט אִין אִיהם אַרַיינְגֶעלַייגְט — ווִי אַיין אַרְבֶּעס אִין וַואנְט אַרַיין. אֶט, דַאכְט זִיךְ, הָאט מֶען אִיהם גֶעפַּאטְשְׁט, אֶט, דַאכְט זִיךְ, הָאט עֶר גֶעוֵוייְנְט מִיט טְרֶעהְרֶען, זִיךְ נוּר אָבְּגֶעקְרֶעוֶועט אָן אַ זַייט — אַ הַא! רְאוּבֶ׳עלֶע הָאט שׁוֹין אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט אַ צוּנְג, גֶעמַאכְט אַ ווייג׳יַעלִי פוּן דָער אוּנְטֶערְשְׁטֶער לִיפּ, אָדֶער אַ פַּאחִיר פוּן דִי בַּאקֶען. ־וּג צְוַויי בַּאקֶען הָאט עֶר גֶעהַאט ווִי דִי פַּאמְפֶּעשְׁקֶעס. גֶעוֶוען תָּמִיד ...ד אוּנ שְׁטֶענְדִיג פְרֵיילִיךְ, דָאס וָואס דִי מַאמֶע אִיז אַ ווִיסְטֶע אַ... ה אוּנ מוּטְשֶׁעט זִיךְ ווִי אוֹיפְ׳ן טוֹידְט אוּנ צָאהלְט פַאר אִיהם אַ קֶערְבִּיל אַ ... שְׁכַר לִמוּד — דָאס אִיז נִיט זַיין עֵסֶק.

אַז רְאוּבֶ׳עלֶע אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן כַּתְרִיאֵל׳ס קִינְדֶער, אַז זַייעֶר מַאמֶע הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּפִיהרֶען פוּנ׳ם יְרִיד אַ פֶערְדִיל אוּנ סֶע הֵייסְט מְתוּשָׁלַח, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיף אַ בַּיינְקִיל, אַ ווִישׁ גֶעטְהוּן דָאס נֶעזִיל מִיט בֵּיידֶע הֶענְט הִין אוּנ צוּרִיק אוּנ אוֹיסְגֶערוּפֶען בְּקוֹל רָם:

— קִינְדֶער, מִיר הָאבֶּען שׁוֹין אַ „שְׁמִיטְשִׁיק!“

צוּ בֶּעמֶערְקֶען, אַז רְאוּבֶ׳עלֶע הָאט פוּן קִינְדְוַוייז אָן לִיעבּ גֶעהַאט כְּלֵי־זֶמֶר. אוֹיסְגֶענַאנְגֶען נָאךְ אַ פִידֶעל, טַאקִי מַמָשׁ עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעוֶועקְט דָאס חַיוֹת, אַז עֶר הָאט דֶערְהֶערְט שְׁפִּילֶען; אוּנ דָערְצוּ הָאט עֶר גֶעהַאט אַ שֵׁעהן קוֹלְכִיל, גֶעקֶענְט אַלֶע נִגוּנִים אוֹיף אוֹיסְוַוייְנִיג. עֶר הָאט גָאר אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶערֶעכֶענְט, אִם יִרְצֶה הַשֵׁם אַז עֶר וֶועט אוֹיסְוַואקְסֶען אַ גְרוֹיסֶער, וֶועט עֶר זִיךְ קוֹיפֶען אַ פִידֶעל אוּנ וֶועט שְׁפִּילֶען טָאג ווִי נַאכְט אוֹיפְ׳ן פִידֶעל. דָערְוַוייל הָאט עֶר זִיךְ גֶעמַאכְט פוּן אַ שְׁטִיק הָאלְץ אַ קְלֵיין פִידֶעלִי, מִיט פָאדֶעם אוֹיפְ׳ן אָרְט פוּן סְטְרוּנֶעס, דָערְבַּיי גֶעהַאפְּט גוּטֶע קְלֶעפּ פוּן דָער מַאמֶען.

— אַ כְּלֵי־זֶמֶר וֶועט פוּן דִיר אוֹיסְוַואקְסֶען? גִיט דֶער,עבֶּען זָאג זִיךְ דָאס!

פַארְנַאכְט, אַז חַיִּים חָנָה דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה מְלַמֵּד הָאט צוּלָאזְט דִי תַּלְמִידִים, זֶענֶען זַיי אַלֶע גֶעגַאנְגֶען מְקַבֵּל פָּנִים זַיין כַּתְרִיאֵל דֶעם וַואסֶערְפִיהְרֶער'ס פֶערְדִיל. דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט אַרוֹיסְגֶעזָאגְט זַיין מֵיינוּנְג רְאוּבֶ'עלֶע, אַז דָאס פֶערְדִיל אִיז אַיין אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט פֶערְדִיל, עֶס וֶועט נֶעבֶּען סְטְרוּנֶעס פוּנ'ם וַויידִיל וִויפִיעל מֶע וֶועט בֶּעדַארְפֶען. אַ סִימָן אֶט וֶועלֶען מִיר בַּאלְד אַ פְּרוּב טְהוּן!

אוּנ רְאוּבֶ'עלֶע הָאט זִיךְ פַארְגַנְבֶ'עט צוּ מְתוּשָׁלַח'ן פוּן אוּנְטֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁלֶעפֶּען בַּיי אִיהם הָאר פוּנ'ם וַויידִיל. כָּל זְמַן רְאוּבֶ'עלֶע הַאט גֶעשְׁלֶעפְּט דִי הָאר אַיינְצִיגְוַוייז, אִיז מְתוּשָׁלַח גֶעשְׁטַאנֶען רוּהִיג, וִוי אַיינֶער רֶעדְט: „אַ הָאר פוּנ'ם וַויידִיל? וָואס קֶען דָאס מִיר שָׁאדֶען? סַא, אוֹיךְ דִי אַיינֶעגֶע מַעֲשֶׂה, וֶועט זַיין ווִינְצִיגֶער מִיט אַ הָאר!"... נָאר אַז רְאוּבֶ'עלֶע הָאט זִיךְ צוּגֶעחַאפְּט צוּם וַויידִיל, אָנְגֶעהוֹיבֶּען רַייסֶען מִיט אַ מָאל אַ גַאנְצֶען זְשְׁמִיט, הָאט דָאס שׁ"ן מְתוּשָׁלַח'ן גוּט פֶערְדְרָאסֶען, וִוי אַיינֶער רֶעדְט: „לָאז אַרַיין אַ חַזִיר אִין שְׁטוּב קְרִיכְט עֶר אוֹיפְ'ן טִיש"... אוּנ גִישְׁט לַאנְג גֶעטְרַאכְט הָאט עֶר דֶערְלַאנְגְט רְאוּבֶ'עלֶען מִיט דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶע פוּס גְלַייךְ אִין דִי צֵייהְן אַרַיין אוּנ הָאט אִיהם צֶעהַאקְט דִי לִיפּ אוֹיף צְוַוייעֶן.

— אַ מְצִיאָה, אַ דוּנֶער אִיז מִיר! זַעוּר רֶעכְט, אַ שְׁלַאק אִיז מִיר! קִדִיךְ נִישְׁט, וִויסְט אִיז מִיר!

אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דִי מַאמֶע זַיינֶע, יֶענְטֶע דִי לֶעפְּטְשִׁיכֶע, גֶעלֵייגְט אִיהם קָאלְט וַואסֶער צוּ דֶער צֶעהַאקְטֶער לִיפּ, גֶעוַויינְט, גֶעבְּרָאכֶען דִי הֶענְט, גֶעלָאפֶען צוּ חִיֶענֶע דִי חַפַּא'טֶע, אַיינְגֶעלֵיינְט דִי וֶועלְט.

---

ט.

רְאוּבֶ'עלֶע אִיז גֶעוֶועזֶען יָרוּךְ הַשֵּׁם אַזַא קִינְד, וָואס אַלְסְדִינְג הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם פֶערְהֵיילְט גִיךְ „וִוי אוֹיף אַ הוּנְט". אַיידֶער מֶע הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אִיז שׁוֹין דִי לִיפּ בַּיי אִיהם וִוידֶער צֶענוֹיפְגֶעוַואקְסֶען גֶע־

וָוארָען, גְלַייךְ וִוי נָאר נִישְׁט גֶעוָוען, אוּנ עֶר הָאט צוּגֶעטְרַאכְט נָאר אַ נַייֶע זַאךְ: מֶע בֶּעדַארְף זִיךְ אַ מָאל דוּרְכְפָּאהרֶען רַייטֶענְדִיג אוֹיף מְתוּשֶׁלַח׳ן אוּנ דַוְקָא אַלֶע תַּלְמוּד תּוֹרָה יוּנְגְלִיךְ מִיט אַ מָאל, נָאר וָועןְ אוּנ וִוי אַזוֹי מַאכְט מֶען דָאס אָבּ, אַז קֵיינֶער זָאל נִיט וִויסֶען? אִיז רְאוּבֶ׳עלֶע גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֵׂכֶל, אַז דָאס אִיז גוּט נוּר שַׁבָּת בַּיי טָאג בְּשַׁעַת דֶער עוֹלָם עֶסְט אָבּ אוּנ לַייגְט זִיךְ שְׁלָאפֶען, דֶעמָאלְט חָאפְּט נֶעם אוּנ טְרָאג אַרוֹים גַאנְץ כַּתְרִילִיוְקֶע מִיט הַאק אוּנ פַּאק. הָאט זִיךְ אֲפִילוּ אֵיינֶער, אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה יוּנְגִיל, גֶעשְׁטָעלְט אַקֶעגֶען: „וִוי אַזוֹי פָּאהרְט דָאס אַ יוּד אִים שַׁבָּת?“ הָאט אִיהם רְאוּבֶ׳עלֶע דֶערוֹיף גֶעעֶנְטְפֶערְט — בְּהֵמָה! דָאס הֵייסְט דֶען גֶעפָאהרֶען? דָאס וָועט אָנְגֶערוּפֶען גֶעשְׁפִּיעלְט זִיךְ...

ס׳אִיז גֶעקוּמֶען שַׁבָּת בַּיי טָאג, דֶער עוֹלָם הָאט אָבְּגֶעגֶעסֶען, גֶעלַייגְט זִיךְ שְׁלָאפֶען, אוּנ כַּתְרִיאֵל מִיט כַּתְרִילִיבֶען בְּתוֹכָם הָאבֶּען זִיךְ הֶבְרָה פַּאוָואלִי אַרַיינְגֶעגַנְבֶ׳עט צוּם וַואסֶערְפִיהרֶער אִין הוֹיז אַרַיין. אוּנ רְאוּבֶ׳עלֶע הָאט גֶענוּמֶען אוֹיסְפּוּטְצֶען מְתוּשֶׁלַח׳ן וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ. קוֹדֶם כָּל הָאט עֶר אִיהם פֶערְפְלָאכְטֶען דִי גְרִיוָוע, גֶעמַאכְט עֶטְלִיכֶע צֶעפְּלִיךְ, בֶּעפּוּצְט מִיט שְׁטְרוֹיֶעלִיךְ; נָאכְדֶעם הָאט עֶר אִיהם אָנְגֶעטְהוּן אוֹיפְ׳ן קָאפּ אַ וַוייסֶען פַּאפִּירֶענֶעם סְפָּאדִיק, צוּגֶעבּוּנְדֶען אוֹיפְ׳ן הַאלְז מִיט בֶּענְדְלִיךְ, אוּנ אַחֲרֵי כִּכְלוֹת הַכֹּל הָאט עֶר אִיהם אָנְגֶעהַאנְגֶען פוּן אוּנְטֶען אַיין אַלְטֶען בֶּעזֶעם, כְּדֵי דֶער וַוייְדִיל זָאל אוֹיסְקוּמֶען שֶׁענֶער אוּנ לֶענְגֶער. אוּנ חֶבְרָה הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֶעצֶען זִיךְ, קְרִיכֶען אוֹיף מְתוּשֶׁלַח׳ן אֵיינְס אִיבֶּער׳ן אַנְדֶערֶען; וָוער עֶס הָאט פֶערְחַאפְּט אַיין אָרְט פְרִיהֶער, דֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיפְ׳ן פֶערְד, אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע וָועלֶען זִיךְ שׁוֹין זֶעצֶען נָאכְדֶעם, נָאר דֶערְוַוייל וָועלֶען זֵיי נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן אוּנְטֶען, גֶעהָאלְפֶען אוּנְטֶערְשְׁרַייֶען מְתוּשֶׁלַח׳ן, עֶר זָאל גֵעהְן אַ בִּיסִיל גִיכֶער אוּנ גֶעזוּנְגֶען:

„כָּכָה יֵעָשֶׂה לַסּוּס אֲשֶׁר רְאוּבֶ׳עלֶע חָפֵץ בִּיקָרוֹ!“

מְתוּשֶׁלַח הָאט אָבֶּער קֵיין חֵשֶׁק נִיט גֶעהַאט לוֹיפֶען אוּנ אִיז זִיךְ גֶעגַאנְגֶען טְרִיט בַּיי טְרִיט, וָוארוּם עֶרְשְׁטֶענְס וָואס הָאט עֶר קֵיין צַייט

נים? וְהַשֵּׁנִית, אִיז דָאךְ עֶפִּיס הַיינְט אַ טָאג פוּן רוּהֶען! רָאוּבֶ'עלֶע הָאט
גָּבָער נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ טְרַייבֶּען דָאס פֶּערְדִיל, נָאקֶען, וְוַיאקֶען און
מְיוּקֶען אוּנ שְׁרַייעֶן מִיט אַלֶע כֹּחוֹת אוֹיף דָער אִיבֶּערִיגֶער חֶבְרָה:
— אַ רוּחַ אִין אַייֶער ט... ט... אַרַיין, וָואס שְׁוַויינְט אִיהר?!
אוּנ מְתוּשָׁלַח אִיז זִיךְ אַלְץ גֶענַאנְגֶען טְרִיט בַּיי טְרִיט, זִיךְ גֶע-
טְרַאכְט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה: „קִינְדֶערְס שְׁפִּיעלֶען זִיךְ, טָא, לָאזֶען זֵיי זִיךְ
שְׁפִּיעלֶען"..
נָאר אַז חֶבְרָה הָאבֶּען אִיהם שְׁטַארְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְקוּטְשֶׁען,
אוּנְטֶערְטְרַייבֶּען אוּנ מַאכֶען מִיט דִי הֶענְט, הָאט מְתוּשָׁלַח אָנְגֶעהוֹיבֶּען
גֶעהְן גִיכֶער, אוּנ אַז עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעהְן גִיכֶער, הָאט אִיהם
אוּנְטֶען דֶער בֶּעזֶעם אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁלָאגֶען אִין דִי פִּיס אַרַיין, הָאט עֶר
אָנְגֶעהוֹיבֶּען לוֹיפֶען נָאךְ גִיכֶער, הָאט אִיהם דָער בֶּעזֶעם אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ שְׁלָאגֶען נָאךְ שְׁטַארְקֶער, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפְּרִינְגֶען, הָאבֶּען
חֶבְרָה גֶעקְוָועלְט אוּנ רָאוּבֶ'עלֶע הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעהֶעצְקֶעט אוּנ גֶע-
שְׁרִינֶען: הָאפּ — הָאפּ — הָאפּ! אַזוֹי לַאנְג גֶעהָאפְּקֶעט בִּיז זֵיי הָאבֶּען
אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַּאלֶען אַייִנְצִינְוַויז וִוי דִי הַאלֶעשְׁקֶעס, אוּנ אַז מְתוּשָׁלַח
הָאט זֵיי אַלֶעמֶען אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען אוּנ דֶערְפִיהְלְט אַז עֶר אִיז פְּרַיי,
הָאט עֶר עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען לוֹיפֶען מְשׁוּגָעֶנֶערְוַויז אוּנ אִיז
גֶעשְׁטַיידִיג גֶעלָאפֶען, אוּנ גֶעלָאפֶען. בִּיז אוֹיף יֶענֶער זַייט מִיהלֶען,
הֶעט — הַעט אוּנְטֶער'ן שְׁטָאדְט אַרוֹיס.
דֶערְזֶעהן לוֹיפֶען אַ מְשׁוּנֶה מָאדְנֶע פֶּערְדִיל מִיט אַ פַּאפִּירֶענֶעם
סְפָאדִיק, הָאבֶּען דִי שְׁקָצִים דִי פַּאסְטִיכֶער גֶעמַאכְט אַ הֶעץ אוֹיף אִיהם,
אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם נָאכְלוֹיפֶען, וַוארְפֶען מִיט שְׁטֶעקֶענְס, אוּנ הָאבֶּען
אָנְגֶערַייצְט אוֹיף אִיהם דִי הִינְט. יֶענֶע, דִי כְּלָבִים הַייסְט דָאס, הָאבֶּען
זִיךְ דַוְקָא נִיט גֶעלָאזְט לַאנְג בֶּעטֶען אוּנ הָאבֶּען גֶענוּמֶען יָאגֶען זִיךְ
נָאךְ אִיהם, בַּייסֶען אוּנ רַייסֶען; עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶענוּמֶען אוּנ-
טֶען בַּיי דִי לִיטְקֶעס; עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעכַאפְּט פוּן פָאְרִינְט
בַּיים גָארְגֶעל. מְתוּשָׁלַח הָאט אַזְשׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען חָרָאפֶּען, אַזוֹי לַאנְג
אַזוֹי בְּרֵייט בִּיז זֵיי זֶענֶען אִיהם דֶערְגַאנְגֶען דֶעם עֶק.

ו.

אויף מאָרגן האָבן שוין חבֿרה געהאַט זייער עהרליך אויסקי־כעביש. אַ חוץ דעם וואָס זיי האָבן זיך צעשלאָגן די נעז און צעד־בּיילט די שטערענס פֿון׳ס סאַלען, האָבן זיי געהאַט פּעטש אין דערהיים און שמיצן פֿון חיים חנה דעם מלמד. און מעהר פֿון אַלעמען האָט געלייזט געוויינטליך ראובֿעלע. מחמת אַלע איבעריגע יונגליך, אַז מע האָט זיי געשמיסען האָבן זיי האָטש געוויינט, און ראובֿעלע האָט, פֿערקעהרט, נאָר געלאַכט; האָט מען ראָך איהם נאָך מעהר גע־קאַסטעוועט; נאָר וואָס מעהר מע האָט איהם געשלאָגען, האָט ער מעהר געלאַכט, און וואָס מעהר ער האָט געלאַכט, האָט מען מעהר געשלאָ־גען, — אַזוי לאַנג ביז חיים חנה דער מלמד האָט זיך אַליין אויך צע־לאַכט, און אויף איהם קוקענדיג אַלע תלמידים. ס׳איז געוואָרען אַזאַ געלעכטער, אַז אַלע שכנים זענען זיך צונויפגעקומען און גלאַט מענ־שען, יודען און ווייבער, יונגליך און מיידליך פֿון דער גאַס: „וואָס איז? וואָס איז דער געלעכטער? וואָס לאַכט מען וואָס?" האָט זיי קיינער נישט געקאָנט ענטפֿערן קיין וואָרט, מחמת מע האָט זייער שטאַרק געלאַכט. האָבן יענע, די פֿרישע מענשען, זיך אויך אָנגעט־בען פֿון׳ס געלעכטער און האָבן אויך אָנגעהויבען צו לאַכען; האָבן יענע, די ערשטע, אָנגעהויבען לאַכען נאָך שטאַרקער, און יענע, די פֿרישע, אויף זיי קוקענדיג, נאָך שטאַרקער, — הכלל מע האָט זיך פשוט געקאַטשעט אויף די ביידער, געהאַלטען זיך ביי די זייטען לאַכענדיג.

נאָר צוויי מענשען האָבן נישט געלאַכט. דאָס זענען געווען: כתריאל דער וואַסערפֿירער און זיין ווייב כתריליכע. אַ קינד חלילה אַז עס נעהם אַוועק פֿון אַ שטוב, ווייס איך נים, אויב מע באַדאַרף אַזוי פֿיעל וויינען, ווי פֿיעל כתריאל מיט כתריליכען האָבן געוויינט אויף זייער גרויסען שאָדען אויף זייער אָרעם פֿערדיל געביך, אויף מתושלחן.

# אויסגאבע „פאמיליען-ביבליאָטעק“, ווארשא.

### שלום עליכם:

74) די ווייסע כפרה 10
75) דער טוידטער אתרוג 10
76) א בוידעם 7
77) היינטיגע קינדער 8
78) חנוכה-געלד 7
79) אלעמען גלייך 10
80) א פערשטערטער פסח 7
81) דער נס פון הושענה רבה 5
82) צו אונזערע שוועסטערן 8
83) צווייַ שלח-מנות'ן 5
84) אויף וואס דארפען יודען א לאנד? 8
85) סטעמפעניו 40
86) מילכיגס 5
87) פינף און זיעבעציג טויזענד 15
88) דייטיש 5
89) חרוסת 5
90) א פריהער פסח 5
91) זעליג מעכאניק 10
92) לאנדאן 10
93) פאפירלעך 10
94) אויס'ן פידעלע 8
95) א בכבוד'ע פרנסה 8
96) סענדער בלאנק 35
97) מיליאָנען 20
98) איין מאל א סוכה 5
99) די פאָהן 5
100) עס פיעדעלט נישט 7
101) בלומען 7
102) שלים-שלים-מזל 7
103) פערבענקט אתיים 5
104) גענז 5
105) דאס דריידיל 8

### ז. ווענדראף:

106) איבער די קשיות 5
107) א ענדיק אויף פסח 5
108) א סוכה אויס'ן בוידעם 5

### שלום עליכם:

109) די דאָזיגע נאכט 8
110) העלער און נידעריגער 8
111) די רויטע יודעלעך 10
112) וואריס-בעדער 10
113) גלות דאטשע 20

### מענדעלי מו"ס:

114) וואס איז חנוכה? 5

### שלום עליכם:

115) קבר אבות 5
116) מען טאר נישט זיין קיין גנטער 5
117) נימא קיין מזל 5
118) דריטע קלאס 5
119) דער גליקליכער אינקאדניס 5
120) סטאנציע בארא‏נאָוויץ 5
121) א מענש פון בוענאָס-אמירעס 5
122) א תחנה אָהן כלי-זמר 5
123) רוף מיך קנאקניסעל 5
124) קעניג פיק 5
125) א וועקס-און-וועלציג 5

### ז. וויענדראף:

126) גענעכטיגט אין סוכה 5
127) מרדכי אין סקאפעלעה 5
128) צאלע דער בעל חשבון 5
129) ביים גרינעם טישעל 5
130) צמח דרעהקאפ 5
131) דער אָדעסער קראסאוויק 5
132) זרח און בולעני 5
133) דערלעבט 5

---

### הויפטפערקויף אין דער בוכהאנדלונג „צענטראל“

---

Книжный магазинъ „ЦЕНТРАЛЪ“ Варшава, Новолипки 7.

---

Buchhandlung „CENTRAL“ Warschau Nowolipki 7.

# בוכהאנדלונג „צענטראל“

ווילנא — וואַרשא — ניו־יאָרק

## שלום־עליכם׳ס ווערק.

| | | פערלאַג | ברָאשירט ר׳ | ברָאשירט ק׳ | געבונדען ר׳ | געבונדען ק׳ |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 296. | פּיער טייל אין צוויי בענדער . | פּראָגרעס | 2 | 50 | 3 | 10 |
| 297. | יובילעאום־אויסגאַבע I באנד | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 298. | . . II . . | . | 1 | — | 1 | 30 |
| 299. | . . III . . | . | 1 | — | 1 | 30 |
| 300. | מנחם מענדיל׳ס בריעף IV . . | . | 1 | — | 1 | 30 |
| 301. | מאָטעל דעם חזן׳ס V . . | . | — | 80 | 1 | 05 |
| 302. | יודישע קינדער VI . . | . | — | 85 | 1 | 10 |
| 303. | טוביה דער מילכיגער VII . . | . | — | 80 | 1 | 05 |
| 304. | קאַמי־וואָיאַושאָרין VIII . . | . | — | 80 | 1 | 05 |
| 305. | דער מבול. . . . | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 306. | פּעמפּעניץ . . . | . | — | 40 | | |
| 307. | סענדער בלאַנק און זיין געזינדיל | . | — | 35 | | |
| 308. | אַ מעשה אָהן אַן׳עק . . | „ | — | 25 | | |

צייזאַמען מיט די געזאַמעלטע ווערק פון דעם באַליעבטען הומאָריסט, וואָס נעהמען אַ־ווים סיסטעמאַטיש אין גרויסען פאָר־מאַט, האָבען מיר אַרויסגעלאָזען אויך אַ רייהע סעריע קליינע בראָשורען פון שלום עליכם׳ס ברילליאַנטענע הומאָרעסקען. די דאָזיגע בראָשורען, וועלכע פערקויפען זיך צו זעהר ביליגע פּרייזען, זיינען גלייך צוגענגליך פאַר אַלע שיכטען פון פאָלק. און גיעבען יעדען יודישען לעזער די מעגליכקייט, צו געניסען דעם גרויסען גייסטיגען פערגעניגען, וואָס נאָר איין שלום עליכם איז אימשטאַנד איהם צו פערשאַפען.

Księgarnia „CENTRAL“ Warszawa — Wilno — New-Jork. —